Rok I. Żydowska Gazeta Robotnicza. Organ partyi socyalno-demokratycznej. Nr. 20.

די אדרעסע פון דער רעדאקציע און אדמיניסטראציע:
Jüdische Arbeiter Zeitung
Kraków,
Sławkowska 29.

טעלעפאן נומער 624

איינצעלנע נומער 8 העל.

# יודישע ארבייטער־צייטונג

ארגאן פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי.

ערשיינט יעדען פרייטאג.

אבאנאמענטס־פרייז:
יעהרליך: 4. קראנען.
האלביעהרליך: 2. קראנען.
פיערטעליעהרליך: 1. קראנע.

פרייז פון אנאנסען:
פיר יעדער שורה פעטיט אדער איהר פלאטץ 10 העללער.

Kraków, piątek 18 sierpnia 1905. נומער 20. קראקוי, 18 אויגוסט 1905.

## גענאסען, פערשפרייט די „יודישע ארבייטער צייטונג"!

# נאך וועגען 7־טען קאנגרעס.

עס ליעגען אונז שוין אלזא פאר די אפיציעלע און פריוואטע בעריכטען פון דעם „יודישען פארלאמענט". דעם מאל האט דער קאנגרעס ווירקליך פערדיענט דעם נאמען, ווייל עס זענען דארט פארגעקומען סצענעס ווי אין ניט איין פארלאמענט די לעצטע צייט. מעהר אבער ווי אין דער עהנליכקייט דערמאהנט ער ניט זאנאר דעם ערנסטען פארלאמענט. דארט קעמפפט מען איבער קאנקרעטע אויפגאבען און פראגען, עס האנדעלט זיך אום רעגירונג, דארט ווערען בעטראכט רעאלע האטש פארטייאישע פראגראמען. פערשיעדענע פארטייען אדער איינציגע פערזאנען קעמפפען אום זייער עקזיסטענץ, אום זייער צוקונפט. דא אבער, אומזיסט וואלטען מיר זוכען רעאלע יסודות פון זייער מחלוקות; ווי איין צד אזוי דער צווייטער שוועבט אין דער לופטען, לעבט אין עולם־הדמיון, ווי איינער אזוי דער צווייטער ווייס ניט וואס ער וויל, ער ווייס נור וואס ער פאנטאזירט... דער קאמפף אויפ'ן זיעבעטען קאנגרעס דערמאהנט אונז אן די מלחמות פון מיטעל אלטער, וואו מען האט ביד חזקה גענויט דעם געגנער צו גלויבען... די היינטיגע וועלט קען שוין ניט אזוינע מלחמ״ת. די ציוניסטען האבען בעוויזען, אז די מיטעלאלטערישע צייט איז נאך ניט אין גאנצען פערשוואונדען. נור ניט דאס זענען מיר אויסען. עס איז ניט אונזער קאפ און ניט אונזער וואנד. ווי עס איז א פאקט איז, אז דער ציוניזמוס איז אויסגעביטען געווארען אויף קליינגעלד: פאלעסטינישע ציוניסטען, טעריטאריאליסטען, פאליטישע ציוניסטען, מזרחיסטען, פועלי־ציוניסטען, ציוניסטען־סאציאליסטען און ז. וו. דער ציוניזמוס אלס א גאנצע מטבע האט אנגעווארען זיין ווערט. דער גאנצער ווערט פון ציוניזמוס, זיין גאנצע שטאלץ, אז ער איז א מלך המלכים. א פארטיי איבער פארטייען איז פערשוואונדען. איצט האבען מיר שוין צוויי גאנץ בעזונדערע ציוניסטישע פארטייען, וועלכע זענען גענוג שטארק אום... זיך גענענזייטיג צו בעקעמפפען.

וואס פאר א ראליע האבען געשפיעלט די גאליציאנער „פועלי־ציון", די ציוניסטישע ארבייטער? ווי עס איז אונזערע לעזער בעקאנט האבען זיי פאר'ן קאנגרעס געשפיעלט זעהר א שענדליכע ראליע — פון ציוניסטישע טעלער־לעקער. זיי האבען זיך געהאלטען שטאל און אייזען אן די בורזשואזע פארטיי־גענאסען, האטש די לעצטע האבען זיי ביי יעדער געלעגענהייט געקאפעט מיט די פיס. דער „יודישער ארבייטער" האט ווי א ה... סקאוויטשעט, אבער טריי געבליבען, זיינע לעזער און אנהענגער האט ער געטרייסט, אז די גאולה איז שוין ניט ווייט; אז אויף דעם קאנגרעס וועלען זיי צוזאמען מיט די „ציוניסטישע ארבייטער פון דער גאנצער וועלט" אויסקעמפפען פאר זיך א שטיקעל אווטאנאמיע, אדער גאר א פעדעראציע, ווי נאט וועט געבען. מיר האבען געגלויבט, און — געווארט. מיר זענען נאך שטארקער געווארען אין אונזער גלויבען פאר'ן קאנגרעס, ביי די וואהלען, וואו די בורזשואזע ציוניסטען, די פיהרער פון דער גאליציאנער ציוניסטישע פארטיי האבען זיי מיט אלע גאליציאנער וואהל־מיטלען ניט צוגעלאזען צו מאנדאטען אויפ'ן קאנגרעס.

מיר האבען געגלויבט ביז מיר האבען ניט געזעהען מיט אונזערע אויגען, אז דער פערדרוס, אז דאס געווייך איז געוועזען א פערדרוס און געוויין פון א טעלער־לעקער וועלכער פיהרט פון דעם ניט ארויס קיין אנדער קאנסעקווענץ ווי נור — בלייבען ביי דעם אלטען. ווייל אט הערט. אויף דעם קאנגרעס האבען זיך צוזאמגעשטויסען צוויי פארטייען, די ציוניסטישע ציוניסטען מיט אוסישקינען אויף דער שפיטצע, וועמעס פראגראם איז: „שטארבען אין ארץ ישראל איידער לעבען ערגיץ אנדערש וואו", וועמעס פאנטאזיע איז א פאנטאזיע פון די יודישע פאבריקאנטען וואס דענקען קיינמאל ניט עמיגרירען, פאר וועלכע דער ציוניזמוס איז אן'ארט גלויבען. פון דער צווייטער זייט איז געשטאנען די „ציוניסטיש־סאציאליסטישע ארבייטער פארטיי" צוזאמען מיט די טעריטאריאליסטען. זיי האבען רעפרעזענטירט די אינטערעסען פון די יודישע מאסען, וואס לויפען אוועק פון רוסלאנד, פון דער ריעזיגע עמיגראציע. זיי האבען דעריבער פערלאנגט, מען זאל פון באזעלער פראגראם אויסשטרייכען: „אין פאלעסטינע". כדי צו מאכען מעגליך די ארבייט פאר א יודישע היים אויך אנדערסוואו, זאנאר אויסער פאלעסטינע. וואס האבען געטוהן אונזערע ליעבע „פועלי־ציון"? דאס ערשטע מאל האבען זיי געהאט די געלעגענהייט צו פיהרען א זעלבסטשטענדיגע פאליטיק; דאס ערשטע מאל האבען זיי זיך געקענט אברעכנען מיט די גאליציאנער ציוניסטישע פיהרער פאר די אלע עולות, וואס זיי האבען אונטער דער צייט געליטען. זיי האבען געהאט אויסצוואוילען: פון איין זייט א ווילדע פאנטאזיע פון רייכע בורזשואען, פון דער צווייטער א פלאן פון ציוניסטישע ארבייטער. דוכט זיך אלעס איז געוועזען דערפאר, זיי זאלען זיך סאלידאריזירען מיט ארבייטער. עס הויבט זיך אבער גיט אן. מיט טריאומף דערצעהלט דער „וווסכוד" אז „אונזערע" ציוניסטישע ארבייטער זענען ביי אונז טריי שטעהען געבליבען. די רוסישע ציוניסטישע סאציאליסטען זענען ארויסגעטראטען פון דער ציוניסטישע פארטיי, ווייל זיי האבען איינגעזעהן, אז זיי האבען דארט ניט וואס צו טהון; אונזערע „פועלי־ציון" אבער זענען געבליבען אין דער פארטיי; זיי ווילען נור פאלעסטינא, ווייל דאס איז זייער לאנד, קיין אנדער לאנד ווילען זיי ניט, ווען מען זאל זיי אפילו צב. אבטרעטען פראנקרייך. אין נאך' קאנגרעס וועלען מיר ווידער לעזען אין „יודישען ארבייטער" זידלערייען אויף די ציוניסטישע פיהרער מיט זייער „וווסכוד". דאס איז דער גורל פון יעדער נאכשלעפער.

אין וואו איז די אונטאנאמיע, אדער פעדעראציע פון אונזערע „פועלי־ציון"? פון גרויס התפעלות פאר פאלעסטינא האבען זיי אן דעם פערגעסען. זיי וועלען זיך אלזא ווייטער האלטען ביי די פאלעס פון די בורזשואזע ציוניסטען.

און ווי דעמאקראטיש דער איצטיגער ציוניזמוס'איז, צייגען די אנשויאונגען פון דעם איצטיגען ציוניסטישען פיהרער, וועלכע ער האט אויסגעלעגט אין א געשפרעך מיט דר. וו. און וועלכע איז געדרוקט געוועזען אין קלעריקאל־יעזואיטישען „Głos narodu" (דער אנטיסעמיטישער „Czas" וואלט צאהלען נאך א גרעסערען האנאראר). דר. וו. האט געוואלט געוואהר ווערען על רגל אחת ווי אזוי נורדוי וויל בעגליקען יודען. ער האט אויך אנגעריהרט די שפראך־פראגע, די אלטע ציוניסטישע שאלה: וועלכע שפראך וועט ווערען די נציאנאל־שפראך. נורדוי האט איהם ווי א יודישער קרעמערל פארגעלעגט דריי שפראכען: נא, קלויב אויס.

„פאר יעדער איינציגע פון די דריי שפראכען — האט זיך אבגערופען נורדוי — זייגען דא ארגומענטען. לעתיד, ד. ה. אין אונזער איינענער מלוכה, וועט זיין אונזער חוב צו בעניצען זיך מיט א גוטע ערנסטע שפראך, ווייל דעם זשארגאן פעהלט ווירקליך זעהר פיעל אין פערגלייך מיט די מעריב־אייראפעאישע שפראכען.



Przez Wysokie ck. Namiestnictwo koncesyon.

## Biuro PODRÓŻY Zofii Biesiadeckiej

Oświęcim (dworzec)

sprzedaje bilety okrętowe

**do Ameryki**

I., II. i III. klasy dla parostatków pospiesznych, oraz bilety kolejowe dla kolei północno-amerykańskich we wszystkich kierunkach.

**Ceny ściśle wedle taryf okrętowych i kolejowych**

**Bilety okrętowe do Kanady**

**i bilety kolejowe kanadyjskie.**

Prospekty darmo i opłatnie.

## Zofia Biesiadecka

Oświęcim.



---

צו בעקומען אין אלע גרעסערע געשעפטען

# PARVEOL

## !!

די ריינסטע

גוואראנטירטע

פפלאנצונגס

# פוטער

פארטרעט פאלשטענדיג
דאס נאטירליכע פוטער.

נויטהיג אין יעדער יודישער
קעך צום קאָכען, פרעגלען
און באקען.

און דער פאבריק פון יאנ. זינגער אין ביעלסק (עסטרייכישע שלעזיען).

דער גענ. פערטרעטער פיר גאַליציען און בוקאָווינא :

Simon Loria, Kraków, Sebastayna 20.

---

## Tajny memoryał kuratora warszawskiego Szwarca

w sprawach szkolnych

Cena 1 kor. Cena 1 kor.

## Strejk polityczny w Królestwie Polskiem

Cena 2 kor. Cena 2 kor.

Do nabycia we wszystkich księgarniach oraz administracyi „Naprzodu" i „Przedświtu" (Kraków, Grodzka 50). Zwracający się wprost do administracyi, nie ponoszą kosztów przesyłki.

---



Do

# Ameryki!

**jakoteż do innych zamorskich krajów przeprawia najtaniej powszechnie znana firma**

## B. Karlsberg, Hamburg

Ferdinandstr. 15.

**Nim kto szyfkartę kupi, niech porówna moje ceny z cenami agentów okrętowych.**

---

## = F. MISSLER, BREMEN. =



## CESARSKIE PAROWCE

| | |
|---|---|
| „Kaiser Wilhelm II." | 215 metrów długi |
| „Kronprinz Wilhelm" | 202 metrów długi |
| „Kaiser Wilhelm der Grosse" | 198 metrów długi |

**jadą z Bremy do Nowego Yorku 6 do 7 dni.**

Odjazd we wtorki.

**Cesarskie** parowce jadą tylko z **Bremy**, kto więc chce **cesarskimi** parowcami jechać, **może zupełnie swobodnie bez przeszkody podróżować**, nikt nie ma prawa zabronić mu tego. Każdy powinien już w domu postanowić w jakim kierunku jechać zamierza i nie powinien w drodze dać się namówić, lub odwieść od swego zamiaru.

**Każdy ma swoją wolną wolę i może za swoje pieniądze podróżować dokąd chce.**

W każdym jednak razie należy się zawczasu postarać o miejsce na statku, a dla zapewnienia tegoż należy wcześnie nadesłać na mój adres 20 koron zadatku.

**F. Missler, Bremen, Bahnhofstrasse 30.**

---

# Skład Piwa Karwinskiego

Jego Eksc. hr. Larisch-Mönnich'a

## Kraków, ul. Poselska 15 — Telefon 431

poleca P. T. Publiczności swoje wyśmienite piwa

jako specyalność

## PIWO ZDROWOTNE

à la Kulmbachskie

# (Granatbräu)

## I PIWO CESARSKIE

à la Pilzneńskie, beczkowe i butelkowe.

jako specyalność

**Wysyłka do domu. — O liczne zamówienia uprzejmie uprasza**

*Skład Piwa Karwińskiego*

Wydawca i odpowiedzialny redaktor Ignacy Gross. Z drukarni Józefa Fischera w Krakowie

דוכט זיך אָבער, אַז עס וועט דערפון גאָר ניט זיין. די זעלבע ציוניסטישע פיהרער איינינען זיך מיט׳ן קהל, געהן האַנד אין האַנד מיט די מאַכער פון קהל.

די היגע פועלי ציוניסטען גלויבען, אַז זיי וועלען אריינציהען די היגע אַרבייטער אין זייער נעטץ, אַז אונזער יודישע אַרבייטער, וואָס ארבייט שווער און ביטער, וועט געהן, נאָך זייער שטימע, זוכען ערגיץ פאַר זיך נייע לענדער, פאַלעסטינא אָדער אוגאַנדא; טראַטץ דעם, וואָס עס נעהט זיי עפּיס ניט שוין פון אנפאַנגס אָן, וואָס דער איין און איינציגער פעראיין זייערער „אחוה״ איז שוין נעפאַלען, גלויבען זי, אַז מיט זייערע פראַזען און שעהנע ווערטערלעך וועלען זיי אַריינקריגען די אַרבייטער אין זייערע לאַפּעס. אָבער זיי האָבען אַ גרייסען טעות. אונזער אַרבייטער פערשטעהט זיך גוט אויף אזא דעמאַגאָגיע און וועט אָבוואַרפען ווייט פון זיך די פערשיעדענע שטאַפעל־קלעטערער.

י. ק.

קאלאמעא דען 7 אויגוסט.

ערנסטע פלוידעריי!

אָה, איך פיהל דיין שמערץ מיין אָרימער אַרבייטסגענאָסע; דיין זיפץ שמערצט מיך שמאַרק, דיינע טרערען זעה איך און פאַרשטעה מיך גאַנץ גוט אויף זיי, דיין איינגעבויגענעם קערפער, דיינע ציוויטינטע ברוסט, דיין בלאַסען, פאַר דער צייט פערעלטערטען פנים ערוועקט אין מיר איין מרה־שחורה, און איך פרעג מיך, נואָס פאַר אַ זינד האָסטו נעטהון, וואָס דו דאַרפסט אַזוי ליידען; וואָס פאַר אַ חטאים האָט דיין אָרימע פרוי באַנאַנגען אין וואָס זענען איבערהויפט דיינע אָרימע שעפעליך שולדיג אין דעם וואָס אַנשטאַט ביי איין עושר זענען זיי ביי דיר געבוירען געוואָרען? דיין לאָז איז שרעקליך. ווינטער אין דער קעלט, זומער אין די שטאַרקסטע היטצען שאַפסט דו פערמעגענס. דיין ריזיגע קראַפט שאַפט אַוועק בערגע, דו שטרייפסט דורך די גאַנצע וועלט. דו שאַפסט פאַלאַצען, לוסטגערטנער, טהעאַטער, מיט איינעם וואָרט דו שאַפסט אויף דיזער וועלט איין גן־עדן התחתון אָבער נישט פאַר דיר. דו ביסט נור אַנגעשטעלט געוואָרען לעבדה ולשמרה: צו בעאַרבייטען און אָבצוהיטען איהם: צו מיסטינען זיין ערד מיט דיין פלייש און בלוט, צו בעניטצען איהם מיט דיינע טרערען. אָבער עפּיס פון איהם צו געניסען האָט דיר דער נאָטט־קאַפּיטאַל שטרענג פערבאָטען. דו פיהלסט און ווייסט, אַז דיר איז שלעכט, אָבער דיר ראַכט זיך, אַז עס דאַרף אַזוי צו זיין. „עס איזט גאַנץ אין דער אָרדנונג דער דינגע״, ווי אַ דייטש זאָגט. עס מוז אַזוי זיין, ווייל עס איז נישט אַנדערש. און אַז איינער קומט און רעד פאַר דיר אין ערקלערט דיר, אַז עס דאַרף אַנדערש זיין, שאָקילסט דו צו מיט דעם קאָפּ אָבער דיר דאַכט זיך אַז מען מיינט נישט דיך; דו האַלסט דיך גאַנץ קליין, ווייל דו גלויבסט נישט אויב פיר דיין מכה איז נאָך דאָ אַ רפואה אָבער אַז דו טהוסט דיך אַ ריהר ערציטערט די וועלט אַזוי ווי פון דעם ריהר

פונ׳ם לויתן. אָט הער, איך וועל דיר ערצעהלען פון אַ נייעס, אַ נייעס וואָס איז אַזוי אַלט ווי דאס מענשליכע עלענד, אַזוי טיעף ווי דער ים צרות, אין וועלכען די מענשהייט צאַפּלט זיך טויזענדער יאָהרען. פון דעם נייעס וויל איך דיר בעווייזען, אַז פיר דיינע צרות איז יאָ דאָ אַ רפואה, אַז דו קענסט דיר יאָ העלפען און העלפען מוסטדו דיר טאַקי אַליין. אָט הער: איך האָב אין נר׳ 16 געשילדערט דיר די לאַגע פון די היגע טלית־וועבער, וועלכע געהערען אָן זייט אַ לענגערע צייט דער אוניאָן. איך האָב די לאַגע זייערע נישט איבערטריבען, ווייל זי איז ווירקליך אַ בערויערנדע. איך האָב אויך געשילדערט דעם באַרנירטען זאנער, וואס האָט אין רומבורג־בעהמען איינע פאַבריק געדינגען און האָט דאָרט מעכאַנישע וועבשטיהלען איינגעריכטעט און וויל דאָרט אַרבייטען. אין זיינע יודען, זיינע אָרימע גלויבענסגענאָסען זיינע שקלאַפען וואָס האָבען איהם אַזויפיעל יאָהר טריי געדינט וויל ער לאָזען פערהונגערן: יעצט ערהאַלטען מיר די פרייליכע ידיעה, אַז דער גוינער האָט איינע מעכאַנישע פאַבריק מיט שטיהלין איינגעריכטעט, אָבער קיינער פון יענע אַרבייטער וויל זיך אַלס געמיינער סטרייק־ברעכער סטעמפלען. ער וויל צאַהלען מעהר געלט. ער בעט, אָבער דער קריסטליכער אַרבייטער פיהלט איין געפיהל פון סאָלידאַריטעט מיט דעם יודישען אַרבייטער מעהר ווי דער יודישער קאַפּיטאַליסט מיט זיינע אָרימע ברידער. די פאַרטיי אין רומבורג האָט מעהרערע פערזאַמלונגען אָבגעהאַלטען, טויזענדע פאָן אויפרופע פערטהיילט, זאָגאַר זענען 2 מאָהל צו 800 אַרבייטער דעמאָנסטרירט לעבען דער פאַבריק פון זאנער און ווען ער וועט זיך בעצייטען מיט דעם פעקיל נישט אַהיים טראָגען, ווער קען וויסען ווי ווייט די בעהמישע אַרבייטער וועלען לאָזען איהם זייער צאָרען פיהלען. אַלזאָ ווי זאָגסט דו מיין פריינד, איז שוין נייטהיג די אָרגאַניזאציאָן? ווייטער! ביי אונז זענען דאָ איינינע ראַפינעריי און קערצען פאַבריקען. די אַרבייטער האָט זיך געדאַכט, אַז עס איז דער רצון פון דעם בורא־עולם אַז זיי זאָלען אַזוי לעבען און אַזוי אַרבייטען.

ענדליך האָט זיך געפינען איין זעהר טיכטינער אונד בראַווער גענאָסע „אקאדעמיקער״ הערער און האָט זיי ערקלערט, אַז דער ווילען פון דעם וועלטסבאַשעפער איז אַנדערש, אַז איין רעכט צו לעבען אין צו געניסען האָט יערער ווער עס אַרבייט נאר א. ז. וו. די פאַבריקאַנטען האָבען געזעהן, אַז די זאַך הויבט אָן ערנסט צו ווערען און הערר קריסס קערצין און ראַפינעריי־פאַבריקאַנט האָט אין דער פאַבריק געבראַכט איין ציוניסט און האָט זיי אנגעהויבען צו דערציילען אזאַ מין מעשה: מיר נעהט נישט אין דעם וואָס איהר ווילט אָנגעהערען אין איין פעראיין; מיר געהט נאָר אין דעם וואָס איהר ווילט אָנגעהערין צווישען גוים. לאָמיר זיך בעסער גרינדען איין פעראיין נור יודען און טאַקע מיט ציוניסטען אין איינעם, איהר וועט נישט דאַרפען צאָהלען קיין וואָכענבייטרענע אין איהר וועט אַנגעהערען מיט אונז און אַז מיר וועלען געהן קיין ציון וועלען מיר אייך דאָרט אויסבויטען יודיש. די אַרבייטער

דעם אַלעם וועט זיין; אין דעם האָט זיך דער קעניג געווענדעט צו איינעם און האָט געזאָגט מיט אַ געלעכטער: „אַזוי איז עס, העררען, מיר וועלען זיך היינט שפּיעלען אין אַנייעם שפּיעל, וועלכעם וועט אונזער וויסען מיט נייעס ערווערבען״ און דער וואונדערענדער מאַנגאַט האָט זיך אויך צעלאַכט, אָבער מיט אַ געמאַכטען געלעכטער.

וואָס אַנבעלאַנגען די בויערען, — אויף דעם אַנבליק פון די פרייליכע, היימליכע מעננע מאַנגאַטען — האָט זיי אָנגעכאַפּט נישט קיין קליינער שרעק. עס שיינט מיר, אַז זיי האָבען נישט געקענט דעם קעניג, זיי האָבען אויך נישט געזעהן קיינמאָל זיין בילד; זיי האָבען איהם בלויס געקענט, אַלס אַ פאַטער, אַ זיעגבאַרער קריעגסהעלד, וואָס האָט פערהיט זייער פערמעגען פון די טערקישע פערפאַלנער. פון דער צווייטער זייט ווידער איז יעדען פון זיי געווען גלייכגילטיג, ווער עס הערשט איבער זיי, אַ טערק צו אַ אונגאַר, אַזוי איינעם ווי אויך דעם צווייטען אין אויסגעקומען צו צאַהלען יעהרליכען שטייער. אין די טעג ווידער, ווען זיי האָבען געאַרבייט פאַר זיך, פאַר זייערע פרויען אין קינדער, איז אויך דער אָרימער ערטראַג פון זייערע אַרבייט מיט נישט קיין קליינע שווערינקייט אנגעקומען. אַלזאָ ווי עס ווייזט אויס, האָט קיינער פון זיי נישט געקענט דעם קעניג; אָבער צווישען זיין סוויטע האָט דער און יענער דערקענט זיין הערר און האָט מורא געהאַט, אָבער עס וואָלט געווען אומזיניג צו אַנטלויפען פאַר די שטאַרקע מענשען מיט זייערע הויכע קרעפטיגע פערד, אַנמאַרטערנדיג זיך מיט די אַרבייט פון ווינעגאַרפּאַנג, ביז צו די ווייליע. ווען עס וועט זיין אויף דעם הימעל פיעל וועהניג באַלד מיטאָג; איבערינענס מיט די הערען איז מיט געקומען אָן אָבטהיילונג בוינעגשיעסער, וועלכע זענען פון יענער זייט מויער איבערגעבליבען, אַרומרינגלענדיג דעם ווייגאַרטען;

און געווען איז דאָס איטאַליענישע בערגבטוואהנער, מיט אַ שאַרפען קוק און מיט אַ זיכערע האַנד.

דאַהער האָבען די אָרימע מענשען זיך נישט געקליבען צו אַנטלויפען; אָדער זאָגאַר פערשטעלענדיג זיך, אַז עס נעהט זיי די גאַנצע געשיכטע נישט אָן. זיי האָבען צוריק נעקעהרט צו זייער אַרבייט, ווייל יעדער האָט געדענקט: אַז מען וועט אַ אַנדערען דערהרג׳נען, נישט מיך, וועל איך פאַר דעם געוויס מאָרגען פערלירען מיין פערדינסט, ווען איך וועל היינט אַביסעל פערלאָזען די אַרבייט; און ווער וויס, צו מען וועט מיך נישט מאַכען פאַר איין אויפזעהער, ווען עס זאָל צום ביישפּיעל איינער פון די אויפזעהער פאַלען. און איך זאָל בלייבען לעבען׳.

אין דעם איז דער קעניג צו געטרעטען צו זיי און האָט געפרעגט:

— מיינע מענשען, ווער איז דאָ איבער אייך דער אויפזעהער?

איינער פון די מעננער, אַשטאַרק געבויעטער, אָבגעברענט פון דער זון, נישט אַ יונגער שוין, האָט געענטפערט:

— איך בין, הערר.

— געב מיר דיין האַק — האָט געזאָגט דער קעניג — איך וועל פּרובען דיך ארויסהעלפען אין דער אַרבייט, ווייל דיזע הערען וואונשען זיך עפּעס אַ פרישעס שפּיעל און פערלאַנגען דורכאויס אַביסעל צו אַרבייטען אונטער מין פיהרונג אין ווייגאַרטען. אָבער האַלט זיך אין דער נאָהנט פון מיר און מאַך מיר אויפמערקזאַם, ווען איך זאָל די אַרבייט נישט מאַכען ווי עס געהער צו זיין, איהר אַלע איבריגע געהט דערווייל זיך אַביסעל אונטערהאַלטען.

דער בויער האָט נישט געוואוסט וואָס ער זאָל דענקען און אין דער צייט ווען דער קעניג איז געשטאַנען פאַר איהם מיט אַ אויסגעצויגענע האַנד, האָט ער געוואָרפען פראַגענדע בליקען אויף זיין הערר, באַראָן, וועלכער האָט אויפגעהויבע

אין דער קאנקורענץ פון דריי שפראכען (דייטש, פראנצויז און העברעאיש) האט די דייטשע שפראך שאנסען צו זיענען, ווייל דער זשארגאן וואלט דאן נור ברויכען אבווארפען זיינע ניט דייטשע ווערטער. די פראנצויזישע האט ווידער דאס פאר זיך, ווייל זי איז אויף דער וועלט זעהר מכובד און א גרויסע טהייל קען שוין (?), די שפראך אם ענדע, ווייל אויף דעם מזרח בכלל און צווישען די מזרח יודען בפרט האלט מען די פראנצויזישע שפראך פאר א העכערע. די העברעאישע שפראך האלט איך פאר א רייכע און פייהיגע צום ענטוויקלען זיך. עס איז אלזא ניט אויסגעשלאסען, זי זאל האבען א צוקונפט. דאס אומקעהרען צו העברעאיש האלט איך פאר א רעאקציע דעריבער, ווייל צווישען דער העברעאישער שפראך און די מעריב אייראפעאישע שפראכען הויבט זיך אויף א גרויסער מויער צוליעב דעם ספעציעלען אלף בית. מען דארף ניט ווינשען די יודען זאלען אומקעהרען קיין אזיע, אוועקווארפענדיג דעם גאנצען מעריב־אייראפאישען פערמעגען און אז זיי זאלען זיך אויסמישען מיט די מזרח־פעלקער. מיר האבען געארבייט פאר דער אייראפאישער קולטור און מיר ווילען ניט לאזען זיך אויסשליסען פון איהר. אין דעם פונקט קען העברעאיש ווירקען לעזומאכענדיג".

אזוי ספר'ט אב דער ציוניסטישער פיהרער די יודישע שפראך, וועלכע בעפריעדיגט צעהן מיליאן יודען. איהם געפעהלט די שפראך ניט, זי האט חסרונות. ארימער פרץ, מענדעלע מוכר ספרים, ראזענפעלד, רייזען און ז. וו.! אומזיסט פערברייניגט איהר אייער געזונד און טאלאנט, אומזיסט זינגט איהר, דערצעהלט, שרייבט אין דער שפראך; עס איז ארויסגעווארפען, נורדוי'ען געפעהלט די שפראך ניט. שפילט עפיס א ראלע, וואס צעהן מיליאן יודען רעדען אין דער שפראך, דאס זענען דאך לויטער שניידער שוסטער, און ז. וו. מיט וועלכע די ציוניסטען מאכען קיין גרויסען ווזען ניט. בפרט איצט אז מען איז שוין פטור געווארען פון די „סאציאליסטען", איז שוין ניטא פאר זיי וואס מורא צו האבען. נורדוי איז דערביי זעהר פראקטיש, ער האט אויסגעקליעבען צוויי שפראך, וועלכע ער קען, ער האט דעריבער דורכגעלאזען די ענגלישע, און איז א שטיקעל גענגער פון העברעאיש, חאטש ער מיינט, אז העברעאיש קען ווערען א לעבעדיגע שפראך. און זאל אימיצער טרעפען, ווער איז מעהר שוואנץ, נורדוי וועלכער האט די נארישקייטען געזאגט אדער דר. וו. וואס האט עס געשווינד אויפגעשריבען?

## פון פראווינץ.

בראדי דעם 6־טען אויגוסט.

אונזער שטאדט איז פול מיט רוסישע עמיגראנטען. אנפאנגס האט זיי די פאליציי פערפאלגט און עס איז זאגאר בעקאנט א פאקט, ווען אונזער בעריהמטער, צו דער צארישער דיענסט שטעהענדער בעצירקסהויפטמאן הר. רוססאצקי האט געהייסען צושטעלען עטליכע רוסישע דעזערטערען צום גרענעץ. דעם ווילקיר פון אונזער בעצירקסהויפטמאן האט געמאכט א סוף די אינטערווענץ פון עטליכע גאליציאנער אבגעארדנעטע ביי דעם שטאטהאלטער, וועלכער האט טעלעגראפיש בעפאהלען דעם בעצירקסהויפטמאן, עס זאל אין דער צוקונפט אזוינס מעהר ניט פארקומען. און דאך האבען זיך מיט עטליכע וואכען צוריק בעוויזען אין שטאדט אפישען פון מאגיסטראט, וועלכע רופען די רוסישע עמיגראנטען, זיי זאלען פערלאזען די שטאדט אין משך פון 8 טעג. דעם בעפעהל האט דער מאגיסטראט בעקומען פון בעצירקסהויפטמאן און דער בעצירקסהויפטמאן ווידער פון שטאטהאלטעריי. וואס דאס האט געזאלט בעדייטען, וויים מען ביזהער ניט, ווייל דער בעפעהל איז ניט אויסגעפיהרט געווארען. ווי אזוי האט בכלל געקענט ארויסגעבען דער שטאטהאלטער דעם בעפעהל, וועלכער איז סותר די גרינדליכע געזעטצען וועלכע גאראנטירען די פאליטישע פעריאנטע דאס פאלקאמע פרייע אויפהאלטען אין אונזער מלוכה. מען דארף גלויבען, אז נאך דער אינטערפעלאציע פון נעג. דאשינסקי און די ערקלעהרונג פון פרעזידענט מיניסטער, וועלען שוין מעהר ניט פארקומען אזעלכע ווילקירען פון אונזער ביוראקראציע. די רוסישע עמיגראנטען זענען מעהרסטענטהייל ארימע לייט, וועמען נור ד צארישע בארבאריי האט גענויט צו פערלאזען זייער פאטערלאנד און דעריבער קומט זיי די פאלקאמע טאלעראנץ אין אונזער לאנד. דאס מענען געדענקען אויך פיעל ארבייטער...

*

די היגע ציוניסטען האבען געוואלט מאכען א „אל מלא" אין טאג פון הרצילים יאהרצייט. זיי האבען זיך דעריבער געווענדעט מיט א בקשה צום היגען קהל, מען זאל זיי אויף דעם ציעל אבטרעטען די גרויסע שוהל. מען האט זיי ענטזאגט. עס האבען זיך דעריבער בעוויזען גרויסע אפישען מיט שווארצע ראהמען, אין וועלכע די ציוניסטען פראטעסטירען געגען דעם. דערביי זענען די ציוניסטען און די פועלי ציוניסטען זעהר אויפגערעגט און סטראשען, אז זיי וועלען זיך מיט די פני אברעכענען ביי די וואהלען. עס

# גענאסען, קלויבט אויפ'ן פרעספאנד!

# פעליעטאן.

וויליאם מאררים.

## א לעקציאן פון א קעניג.

מען ערצעהלט, אז מאטוועי קארווין, דער אונגארישער קעניג, וועלכער איז געוועזען אלפרער דער גרויסער פון זיין פאטערלאנד און אין זיינע צייטען, האט ער איינמאל דערהערט — (בלוים נאר איינמאל?) — אז איינינע פון זיינע דארפסלייט — (צו בלוים נאר איינינע?) — זענען בעדריקט געוועזען מיט ארבייט און בערויבט פון לעבענסמיטעל. ער האט איינבערופען דארורך זיין ראטה און האט אויך בערופען איינינע עלטסטע פון זיינע לאנדגיטער, ווי אויך איינינע מאנגאטען אין בעאמטע, אום זיך פון זיי צו ערקינדיגען דעם אמת; און אלע, אובגלייך אין פערשיעדענע ווערטער, האבען זיך געאייניגט ווי איין מאן, אז די בויערן זענען שטארק און פעהיג צו דער ארבייט, אז עסען און טרינקען האבען זיי איבער ד' מאס, איבערהויפט, ווען מען אסטעט, אז דאס זענען דאך פראסטאקעס, און אז זיי וואלטען נישט ארבייטען אזוי פיעל, וויפיעל מען פאדערט פון זיי, וואלט דאס געווען גאנץ גלייך מיט זייער איינענעם שאדען, אזוי ווי מיט דעם שאדען פון זייערע הערען, וואס מעהר אזא פויער פערמאגט, דאס מעהר פערגליסט זיך איהם, און בעגרייפענדיג דאס עשירות, בעגרייפט ער צוגלייך דעם עלענד, אזוי ווי דאס האט זיך שוין אונזערע עלטערן אין גן־עדן פאסירט.

דער קעניג האט צוגעהערט אלעס וואס זיי האבען געזאגט אין שטיל שווייגען ער האט בעמערקט אבער, אז זיי זאגען ליגען. און דער ראטה איז זיך צוגעגאנגען, גאר נישט מאכענדיג. דער קעניג אבער האט גענומען די זאך צום הארצען, דע ער איז געוועזען, ווי א קעניג, א רעכטפערטיגער מענש, איבערהויפט, ווען ער איז געוועזען פיעל טהעטיגער, פאר זיי אלע, זאגאר אין די אלטע צייטען פון פעאדאליזמוס.

אין נאך'ן פערלויף פון צוויי, דריי טאג — זאגט די ערצעהלונג — האט ער איינבערופען אזוי פיעל מאגנאטען, וויפיעל עס האט איהם געשיינט צו געברויכען און ער האט זיי געהייסען זיך פארבערייטען אויף א רייזע; און ווען אלע זענען שוין געוועזען פערטיג, זענען זיי ארויסגעפאהרען אין איינעם מיט דעם קעניג, נישט אויסקלויבענדיג קיינע וועגען, אננעצוינען הארמאניש, יום־טוב'דיג, אזוי ווי דער מנהג איז געוועזען אין יענע צייטען. אזוי פאהרענדיג, זענען זיי אנגעקומען צו עפעס א דערפיל, נאכדעם צו וויינגערטנער, אין וועלכע עס האבען געארבייט א מאסע מענשען, פויערים, מעננער און פרויען, מעדלעך און יונגלעך, אלע האבען זיך געפינען אין דעם וויינגארטען, ארבייטענדיג אין שוויים, אין בלוט, איינינע מיט העק אין די הענד, אנדערע מיט קייבערס פול מיט מיסט, וועלכע זיי האבען צעווארפען אויף די פעלדער אלע ארום ביי די צוקונפטיגע פרוכטען, וועלכע די וועלען קיינמאל ניכט עסען און דעם וויין, וועלכען זיי וועלען נישט טרונקען. אין צו דער וייט האט זיך באלד געווענדעט דער קעניג און אראב שטייגענדיג פון פערד האט ער אנגעהויבען צו שפאצירען איבער'ן וויינגארטען, און די בעגלייטענדע מאגנאטען זענען געגאנגען נאך איהם, וואונדערנדיג זיך און פרענענדיג זיך, וואס פון

## די נייע ציוניסטישע פארטיי.

די נייע טעריטאָריאַליסטישע פאַרטיי האָט אויסגעאַרבייט און אַרויסגעגעבען איהר פאָלגענדעס פּראָגראַם.

„1. די „יודיש־טעריטאָריאַליסטישע פאָלקס־אָרגאַניזאַציע" האָט דעם צוועק געפינען אַ טעריטאָריע אויף אויטאָנאָמע נאַציאָנאַלע יסודות פאַר די יעניגע יודען, וועלכע ווילען ניט אָדער קאָנען ניט בלייבען ווייטער אין די לענדער, וואו זיי לעבען איצט.

2. כדי צו דערגרייכען דאָס ראַזיגע ציעל שטעלט זיך די אָרגאַניזאַציע פאָלגענדע אויפגאַבען:

א) פעראייניגען אַלע יודען, וואָס זענען מסכים מיט דעם צוועק פון דער טעריטאָריאַליסטישער פאָלקס־אָרגאַניזאַציע.

ב) פיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט רעגירונגען, עפענטליכע און פּריוואַטע אַנשטאַלטען.

ג) שאַפען פינאַנץ־אַנשטאַלטען און אַנדערע איינריכטונגען, וואָס זענען נויטיג אום צו דערגרייכען דעם צוועק פון דער אָרגאַניזאַציע".

די בעציהונגען פון דער נייער פאַרטיי צום ציוניזם ווערען בעשטימט דורך די פאָלגענדע רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען צוגלייך מיט דעם פּראָגראַם.

„די אָרגאַניזאַציע, אַלס אָרגאַניזאַציע, ערקלערט ניט איהר שיוכות צו דער איצטיגער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. יעדער מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע, אָדער יעדע גרופּע מיטגליעדער האָבען דאָס רעכט פריי צו בעשטימען זייערע בעציהונגען צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע לויט זייערע אייגענע מיינונגען.

## ווידער אוגאנדא.

— ווי דאָס „איזראַעליטישע פאַמילענבלאַט" מעלדעט, וועט דער אוגאַנדא־פּראָיעקט דאָך אויסגעפיהרט ווערען.

די ציוניסטען האָבען זיך פון אוגאַנדא אָבגעזאָגט. האָט זיך איצטער ערשט פאַר איהם גענומען די „ענגליש־יודישע געזעלשאַפט" אין לאָנדאָן. זי האָט געמאַכט די טעג אַן'אסיפה און בעשלאָסען, מיט דעם פּראָיעקט זיך צו פערנעהמען, און די חברה „יק"א" וועט אויך צו שטעהן צו איהר.

## די יודישע בעפעלקערונג אין דייטשלאנד.

— די יודישע בעפעלקערונג אין דייטשלאַנד ווערט מיט יעדעס יאָהר ווייניגער לפי ערך צו דער צאָהל פון דער גאַנצער בעפעלקערונג.

אַזוי, למשל, האָט זיך אין יאָהר 1871 געצעהלט גאָר און גאָר אין דייטשלאַנד 41,058,792 נפשות, דערינען 512,153 יודען; אין 1880 45,234,061 נפשות, יודען — 561,612; אין 1890 איז די גאַנצע דייטשע בעפעלקערונג בעשטאַנען פון 49,428,470 נפשות, יודען זענען דערינען געווען 563,172; אין 1895 — 52,279,901 דערינען יודען 567,884. אין 1900־טען יאָהר האָט דייטשלאַנד געהאַט אַ בעפעלקערונג פון 56,367,178 דערינען האָבען זיך גערעכענט 586,984 יודען.

אין דעם משך פון 30 יאָהר איז די גאַנצע בעפעלקערונג צוגעוואַקסען אויף 37 פּראָצענט (אָנשטאַט הונדערט איז געוואָרען 137 נפשות). די יודישע בעפעלקערונג איז נור צוגעקומען אויף 14 פּראָצענט. די יודען אין דייטשלאַנד פערמעהרען זיך איצט אי $2^1/_2$ מאָל ווייניגער ווי די קריסטען.

(„איז. פאמ. שר.").

## געמישטע חתונות אין אונגארן.

דורכשניטליך קומען אין אונגאַרן פאָר ביז 48 געמישטע חתונות (צווישען יודישע און קריסטליכע קינדער. די לעצטע צייט ווערט די צאָהל געמישטע חתונות גרעסער. זי שטייגט שוין אַריבער די צאָהל 50.

די אסימילאַציע, ווי עס ווייזט אויס, וואַקסט אין אונגאַרן כסדר.

## די ארבייטער וועלט.

### איין אינטערנאציאנאלער קאנגרעס וועגען ארבייטער פערזיכערונג.

אין סעפּטעמבער וועט אין וויען אָבגעהאַלטען ווערען אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס צו פערהאַנדלען די פראַגע וועגען אַרבייטער־פערזיכערונג.

די פערזיכערונג פון די אַרבייטער אין פאַל פון קראַנקהייט, פון אַרבייטס־אונפעהינקייט, די פאַרזיכערונג צו בעקומען אַ פּענסיע אויף דער עלטער און איבערצולאָזען שטיצע (פּענסיע) נאָכ'ן טויט פאַר די פאַמיליע. מיט איין וואָרט די פערזיכערונג פון די אַרבייטער על כל צרה שלא תבא איז איינע פון די וויכטיגסטע פראַגען פון אַרבייטער לעבען.

די סאָציאַליסטען פון אַלע לענדער האָבען אין זייערע פּראָגראַמען די פאָדערונג, אַז אַזאַ זאָרט פערזיכערונג זאָל איינגעפיהרט ווער'ן פון דער רעגירונג. די גרעסערע טרייד־יוניאָנס, ספּעציעל אין ענגלאַנד און אויך אַ גרויסער טהייל אין די פעראייניגטע שטאַאַטען, נעמען אפילו אליין איבער די פערזיכערונג, אָבער זעלבסטפערשטענדליך, אַז זיי קענען די שווערע אויפגאַבע ניט פאָלשטענדיג ערפילען.

די פערזיכערונג פון די אַרבייטער דורך די רעגירונג איז שוין איינגעפיהרט זייט אַ פערטעל יאָהרהונדערט אין דייטשלאַנד. אָבער די דייטשע אַרבייטער פערזיכערונג האָט אין זיך אַ סך גרויסע וויכטיגע פעהלערן, אי אין פּרינציפּ, אי אין דער אויספיהרונג. דער הויפּט פעהלער איז וואָס די קאָסטען טראָגען ניט די בעלי בתים. נור זיי זענען אַרויפגעוואָרפען צום גרויסען טהייל אויף די אַרבייטער. אין די פערוואַלטונג אָבער האָבען די אַרבייטער אַ גאַנץ קליינע דעה.

אַזאַ אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ וואָלט געקענט האָבען אַ גרויסע בעדייטונג פאַר די אַרבייטער, ווען ער וואָלט געפיהרט געוואָרען פון מענשען פאַר וועמען די אַרבייטער אינטערעסען זענען די הויפּטזאַך, ד. ה. ווען די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען אליין וואָלטען געווען שטאַרק פערטראָטען. אָבער ווי עס ווייזט אויס, וועט דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס וועגען אַרבייטער פערזיכערונג אין וויען געפיהרט ווערען אין גאַנצען אָהן דעם אַנטהייל פון די אַרבייטער. די וואָס רופען צוזאַמען דעם קאָנגרעס ווילען גראַדע פערקעהרט, אַז די אַרבייטער־שטימען זאָלען אויפ'ן קאָנגרעס זיך הערען ניט זעהר הויך און דערפאַר זוכען זיי צו פערשטופּען די פראַגע וועגען דעם אַנטהייל פון די אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען. די פאָרשטעהער פון די אַרבייטער האָבען אָבער די טאַקטיק פערשטאַנען און אַריינגעשיקט אַ בריעף צו דער אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע, אין וועלכען זיי פאָדערן, אַז די אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען זאָלען ווערען פערטראָטען אויך אין דער קאָמיטע, אַז ניט וועלען זיי קיין אַנטהייל ניט נעהמען אין קאָנגרעס. מיט וואָס די זאַך וועט זיך ענדיגען ווייס מען דערווייל ניט.

# די רעוואלוציאנערע בעוועגונג אין רוסלאנד און אין רוסיש־פוילען.

## די רוסישע העלדען קומען א היים.

— די גענעראַלען פאָק, סמירנאָוו, ניקיטין און ביעלי האָבען בעקומען אַן'ערלויבניש צו געבען אַן'עהרען־וואָרט, אַז זיי וועלען זיך ניט בעטהייליגען מעהר אין דער איצטיגער מלחמה, און קומען קיין רוסלאַנד.

דאָס איז געוויס פערבונדען מיט'ן פּראָצעס וואָס מען פיהרט געגען שטעסל'ן, פאַר וואָס ער האָט איבערגעגעבען פּאָרט אַרטור.

## א געוועהנליכער קאטארזשניק ווערט א הויכער בעאמטער.

די וואַרשוי'ער צייטונגען מעלדען: אַז אין וואַרשוי האָט מען די טעג אַרעסטירט איינעם קאָסטעליאָוו'ען. פאַר 2 יאָהרען איז קאָסטעליאָוו געקומען קיין פּעטראָקאָוו און האָט שטאַרק אויסגענומען ביי דער דאָרטיגע אַדמיניסטראַציע. אין אַ קורצע צייט אַרום האָט קאָסטעליאָוו בעקומען אַ הויכע שטעלע: ער איז געוואָרען אַ בעאַמטער פאַר „בעזונדערע" ענינים ביי דעם פּעטראָקאָווער גובערנאַטאָר. איצט האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז קאָסטעליאָוו איז — אַן'אַנטלאָפענער קאַטאָרזשניק פון סאַחאַלין. זיין ריכטיגער נאָמען איז מיכאַילאָוו. פאַר 2 יאָהרען ווידער איז אין לובלין פלוצלונג פערפאַלען געוואָרען אַ בעאַמטער פון דער סודעבנע פּאַלאַטע מיט'ן נאָמען קאָסטעליאָוו און מען ווייסט נאָך ביז איצט ניט וואו ער איז אַהינגעקומען. אין רוסלאַנד איז עס די בעסטע רעקאָמענדאַציע פאַר אַ הויכען בעאַמטען.

## בראַוואָ!

— די בעאַמטע פון דער וואַרשוי־וויענער אייזענבאַהן האָבען מודיע געווען, אַז זיי ווילען מעהר ניט מנדב זיין איינס פּראָצענט פון זייער געהאַלט אויף די געבראָכען פון דער מלחמה. זיי זענען בעסער מנדב דאָס געלד אויף שולען פאַר די קינדער פון די אייזענבאַהן־בעדיענטע.

## דער פראוואסלאוונער צדיק — א געוועהנליכער גנב!

— ווי „פּעטער. גאַז." מעלדעט איז גענרינדעט געוואָרען אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל אויספאָרשען די ניט שענע מעשיות, אין וועלכע עס איז אַריינגעמישט דעם נאָמען פון דעם בעוואוסטען גייסטליכען יאָאַן פון קראָנשטאַדט.

## אנ'ארבייטער פערמשפט צום טויט.

— אין דעם וואַרשויער וואָיענא־אָקרוזשנאָי סוד איז פער'משפּט געוואָרען צום טויט דער אַרבייטער קאָמאַראָווסקי (20 יאָהר אַלט) דערפאַר, וואָס ער האָט געפעהרליך פערוואונדעט אַ פּאָליציאַנט.

## זיי זענען גאנץ גערעכט.

— אין „פּעטער. ווער." ווערט דערצעהלט פאָלגענדעס: אין דעם אוסט־איזשאָרסקי'ן לאַגער (ביי פּעטערבורג) האָט מען געלערענט די זאַפּאַסנע

פֿערשטעהען עס גאַנץ גוט ווען זייערע פֿאַבריקאַנטען פֿעראייניגען יודען מיט קריסטען ביי דער ארבייט מעגען זיי זיך אין דער פֿאַבריק אוודאי פֿעראייניגען. איין היעזיגער קאַפּיל פֿאַבריקאַנט וועלכער באשעפֿטיגט נאָר קריסטען, האָט זיך אויך געאייסערט, אַז איהם וואָלט נישט געאַרט, ווען זיינע אַרבייטער זאָלען זיך אָרגאַניזירען נור נישט מיט יודען אין איינעם. מערקווירדיג איז דאָס וואָס ביי אונזערע קאַפּיטאַליסטען געהט נאָר אין דער אמונה. דער אַרבייטער אָבער ערקענט די שטימע וועלכע רעדט צו איהם פֿון דעם האַרץ און ווייסט ווער עס זאָגט איהם דעם אמת און ווער נישט. ווייטער די היגע טישלערמייסטער האָבען אויך קיינמאָל נישט נעקלערט און האָבען נור געזוכט איינערזייט׳ס זיך צו קאָנקורירען און צווייטענס די אַרבייטער צו אונטערדריקען, ווייל זיי זעהען, אַז די טישלער אָרגאַניזירען זיך אין נעהערן איין שוין דריי מאָנאַטה אין פֿערבאַנד, האָבען זיי זיך אויך אָנגעהויבען צו ריהרען און ווילען זיך פֿעראיינינגען. אַלזאָ דו זעהסט שוין מיין פֿריינד. אַז עס איז יאָ דאָ איין רפֿואה צו דיינע אונעררטרעגליכע צרות. עס איז יאָ דאָ איין באַלזאַם, וואָס קען לינדערן דיין שמערץ, וואָס קען איינגיסען פֿרישעס לעבען אין דיינע צורווייטיגטע וואונדען אין דאָס איז די אָרגאַניזאַציאָן. דאָס איז די סאָלידאַריטעט. קום צו אונז, אונזערע אַרמע זענען בערייט דיך צו עמפּפֿאַנגען, מיר וועלען דיך לערנען ווי אַזוי צו קעמפּפֿען, ווי אַזוי צו שאַפֿען דעם גן־עדן פֿיר זיך נישט פֿיר אַנדערע, ווייל די סאָלידאַריטעט פֿון די אַרבייטער האָט שוין פֿיעל, זעהר פֿיעל גוטעס דער אַרבייטערשאַפֿט איבערגעבראַכט. פּראָבירטס!

*

מיטוואָך, דעם 2 אונוסט איז געווען אויף זיין אַנטאַציאָנסרייזע ביי אונז נעג. בערנער אויס וויען, און האָט אָבגעהאַלטען צוויי פֿערזאַמלונגען פֿון ראַפֿינערי אין קערצען אַרבייטער. אין דער פֿאַבריק קריסס, וואו די מעדכען זענען געוועהנליך פֿריי אום אַכט אוהר אַבענדס, האָט מען זיי געהאַלטען ביז 9 אוהר, כדי זיי זאָלען ניט קענען זיין אויף דער פֿערזאַמלונג. ביי טאָג האָט זיי דער פֿאַבריקסלייטער געזוכט אין די טאַשען, מען האָט ביי זיי 2 קאַרטען געטראָפֿען. דער נאָכלער מאַן האָט אַלזאָ גערעכענט, ער וועט זיי האַלטען אין פֿאַבריק ביז 9 אבענדס, וועלען זיי געוויס די פֿערזאַמלונג ניט ביי וואָהנען. די מעדכען זענען דאָך שפּעט געקומען צו פֿערזאַמלונג. דאָס איז אַ צייכען ווי דאָס אָרגאַניזאַציאָנס־געפֿיהל הערשט צווישען די אַרבייטער שיכטען.

הערמאַן פֿוכס.

נייסאַנדעץ, דעם 12-טען אוגוסט.

דיעזען שבת איז געווען ביי אונז אַנ׳אונגעוועהנליכער גאַסט. אונזער רייכסראַטה אָבגעאָרדענטע דר. בינדער. ער איז שוין דאָ געוועהלט געוואָרען 6 יאָהר און ער איז נאָך נישט דאָ געווען. נור עס געהט צו נייע וואַהלען, איז ער דעריבער געקומען אָבגעבען אַ בעריכט פֿון זיין טהעטיגקייט אין פּאַרלאַמענט. די פֿערזאַמלונג איז געווען און מאַגיסטראַט. מענשען איז געווען קוים 50 די בעקאַנטע וואַהל־מאַכער. ער האָט אויסגערעכנט אַלעס וואָס ער האָט געטהון. ער האָט געפּועל׳ט פֿיר נייסאַנדעץ׳ן, אַ גרויסע טובה, מען האָט אויפֿגעשטעלט אַ נייעם קרימינאַל און אַ קאַסאַרניע. נאָכהער האָט ער געלויבט דעם „פּוילען־קלוב״. וואָס זיי טהון גוטס פֿאַר גאַליציען. דאָס זענען לויטער עהרליכע מענשען (צ.ב. וואַלעווסקי, ווילק, שייער און ד. ג.). אין דער דיסקוסיאָן האָט מען איהם פֿאַרגעוואָרפֿען ווי שלעכט ער איז דאָרט פֿאַרגענאַנגען נור ער האָט זיך פֿון דעם אַלעם נישט געמאַכט הערען. דאַן האָט געבעטען דאָס וואָרט נעג. מאַליש, אָדער דער בורמיסטרז באַרבאַצקי האָט איהם ניט געלאָזט רעדען, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט איהם אויסווייזען אַלע זיינע געשעפֿטען, וואָס ער האָט געפֿיהרט וועהרענד דער צייט, ווי ער האָט גענומען פֿון אַ געוויסען מיכל געלב 1200 קר. ער זאָל איהם אַ טובה טהון, מען זאָל איהם פֿערלענגערען די פּראָפּינאַציע. אַזוי געבען אָב אונזערע אָבגעאָרדענטע זייערע בעריכטען און ווילען מען זאָל זיי ווייטער וועהלען.

ש. שוסס.

---

# כראָניק.

## די סעפּראַטיסטען אַנאָנסירען.

מען שרייבט אונז: „עס איז שוין דריי און אַ האַלב מאָנאַט זייט דאָס „יודישע וואָרט" האָט אויפֿגעהערט אַרויסצוגעהען און די סעפּראַטיסטען האַלטען אַלץ אין איין אָנאָנסירען די צייטונג אין זייער „סאָציאַל־דעמאָקראַט". אין וואָס פֿאַר אַ ציעל זיי פֿאַרפֿיהרען די יודישע לעזער, ווייס איך ניט".

## די סעפּראַטיסטען מאַכען פֿאָרטשריטען.

מען שרייבט אונז: „אַלס אַנ׳אַנהענגער פֿון זשאַרגאָן אינטערעסירט מיר אַלעס וואָס ווערט אין דער שפּראַך געשריבען, אָהן אַנ,אונטערשיעד פֿון אינהאַלט. איך לעז נאַטירליך אויך דעם „יודישען סאָצ. דעמאָקראַט". איך קאָנסטאַטיר אַלזאָ, אַז די סעפּאַראַטיסטען האָבען געמאַכט גרויסע פֿאָרטשריטען. וואָס אַ נומער ווייטער, אַלץ מעהר גרייזען, אַלץ מעהר צוגיינערריש־לשון. איך האָב גענומען מאַכען די קאָרעקטור, עס האָט מיר אָבער אין גיכען פֿאַרפֿעהלט ווייס פּאַפּיר אויף די בלעטער. צוויי ראַטהען וויל איך אַלזאָ געבען די סעפּאַראַטיסטען: הער גראָסמאַן זאָל ווייניגער שטודירען ניטשע שאָפּענהויער און... דאַשינסקי׳ס אַלטע רעדען און זאָל אַביסעל לערנען יודיש (נאָך דעם ווי דער בעלפֿער־סטרייק וועט זיך ענדיגען) און צווייטענס, די מאַרגינעסע פֿון די זייטען זאָלען זיין ווייניגסטענס דריי מאָל אַזוי ברייט. און נאָך איינס. צום אַרטיקעל: „צום זיבטען ציוניסטען קאָנגרעס" מאַכט די רעדאַקציע אַ בעמערקונג, אַז דער אויטאָר פֿון דעם אַרטיקעל נעג. (?) באַלאַקאַן אויס טשערנאָוויץ איז נישט קיין מיטגליעד פֿון דער סאָצ. דעמ. פּאַרטיי". צו דער בעמערקונג מאַכען מיר אַ בעמערקונג, אַז דער אַרטיקעל איז גע׳גנב׳עט פֿון 7-טען „צוקונפֿט". זיין ווירקליכער פֿערפֿאַסער איז דר. ק. פֿאַרנבערג.

---

דעם קאָפּף בעפֿעהלעריש, זאָגענדיג מיט אַ שטרענגען בליק: „טהו, וואָס מען הייסט דיך, הונד!"

דאַמאַלס האָט דער בויער אוועקגעגעבען דעם קעניג זיין האַק, דער וויעדער האָט זיך באַלד גענומען צו דער אַרבייט און האָט צערטהיילט צווישען זיין סוויטע די אַרבייט אַרום דעם בוי פֿון ווייננאַרטען. און בשעת ווען דער בויער וועלכער איז געווען דער אויפֿזעהער, האָט געלויבט אָדער געיאָגט די קעניגליכע פֿערוואַלטונג, איז ווירקליך ווערטה געווען צו זעהן די רייכע הערר־נ׳דליך, ווי אַראָבוואַרפֿענדיג זייערע סאַמעטענע מאַנטלען אויף די שטייביגע ערד, זיי האָבען זיך גענומען איינער ווי דער אַנדערער צו דער אַרבייט.

עס האָט זיי בעהערשט עפּעס אַ מין בעגייסטערונג און פֿיעל פֿון זיי האָט זיך דאָס גראָבען פֿון ווייננאַרטען אויסגעוויזען ווי אַ גאַנץ נישט שלעכט שפּיעלעכיל. אָבער איינער פֿון זיי, אַראָבוואַרפֿענדיג זיין פּורפּור מאַנטעל, איז געבליבען ביי דער אַרבייט אין אַ אַנצוג פֿון וואונדערליכען, זיידענעם געוועב, איבערגעאַרבייט מיט גאָלד, וועלכען מען אַרבייט שוין היינט נישט אויס, און פֿון וועלכען אַן עהל האָט געקאָסט הונדערט פֿלאָרין.

דעם דאָס האָט דער קעניג רעקאָמאַנדירט מיט אַ געלעכטער אַראָבלאָזען זיך אין דער ניעדער מיט דעם גרעסטען, וואָס עס איז נאָר געווען, קאָרב פֿון מיסט, וועלסען בעפֿעהל דער אויסגעפּוצטער מאַנגאַט אין זיידענס, האָט אָנגענומען מיט אַזאַ טרויעריגען שמייכעל, אַז מען האָט געקענט פּלאַצען אויף דעם אָנבליק. איינינע פֿון זיי האָבען זיך הערצליך צעלאַכט. ער אַליין וויעדער, דער ווייטערנדיג זיך מיט דעם קאָרב פֿון מיסט אויף די פּלייצעס, האָט געברומט דורך די ציין, אַזוי אָבער, דאָס קיינער זאָל איהם נישט דערהערען: „וואָס בין איך דאָס ביי דעם הינדישען זוהן אַ דיענסט, אַז איך זאָל דאַרפֿען אויף זיין בעפֿעהל, מיסט טראָגען?...

איהר דאַרפֿט אָבער וויסען, אַז דעם קעניג יאַן הוניאַדע׳ס זוהן, איינער פֿון די גרעסטע קריעגסהעלדען פֿון דער וועלט, אַ עכטער שלעגער פֿון נאָט אויף טערקען איז נישט געווען קיין קינד פֿון פֿערהייראַטעטע מענשען, — אָבוואָהל ער איז גע, ווע אַ קינד פֿון אַ קעניג.

אָט אַזוי האָבען זיי עפּעס אַ צייט געאַרבייט פֿלייסיג, לאַכענדיג פֿרייליך נאָך יעדען קלאַפּ פֿון דער האַק, פֿון וועלכען די שטיינדלעך האָבען געקלינגען און דער שטויב האָט זיך פֿערשפּרייט ווי אַ וואָלקען. דער מאַגנאַט וויעדער, צערטראָגענדיג דאָ מיסט, איז געגאַנגען אַזוי דאָ, אַזוי דאָרט, שעלטענדיג אויפֿ׳ן הימעל און אויפֿ׳ן שטן, און אַלע האָבען געזאָגט: „קוקט בלויז ווי דאָס עדעלע בלוט פֿון שלאַכטשיץ איז העכער ווי דעם בויערס, זאָגאַר ווען דער שלאַכטשיץ בעאַרבייט דעם בויערס אַרבייט; די טווינעניכסטען געבען קוים איין קלאַפּ מיט׳ן האַק, וועהרענד מיר געבען דריי קלעפּ." דער קעניג אָבער, וועלכער האָט נישט וועהנינער געאַרבייט פֿוי די אַנדערע, הייט גאָר נישט געלאַכט; דערווייל זענען ד׳ אַרעמע געשטאַנען פֿון דערווייטענס, נישט וואַגענדיג צו רעדען אַ וואָרט. די שרעק האָט זיי אויך נישט אָבגעלאָזט אויף אַ ווייל. און אָבוואָהל זיי האָבען אויפֿגעהערט מורא צו האָבען פֿאַר׳ן טויט, נאָר דאָס איינע וואָס עס איז זיי אַרויף געקומען אויפֿ׳ געדאַנק „די גרויסע און פֿעסטע הערן זענען געקומען זיך איבערצייגען ווי פֿיעל איז דער מענש דאָס אומשטאַנד צו אַרבייטען. אום ער זאָל בלויז נישט אַ טויטער פֿאַלען, און ווען מען זאָל אונז הייסען איבער דעם מעהר טעג אין יאָהר אויף די הערן אַרבייטען, אין דער צייט זענען מיר פֿערלוירען אָהן רעטונג" און די הערצער זענען אין זיי אָבגעשטאָרבען.

(ענדע קומט)

איבערזעצט פֿון מ. פּראָקאָפּ.

אין דער 4־טער ראָטע פֿון דעם סאַפּיאָרען־באַטאַליאָן ווי אַזוי אָבצוגעבען „טשעסט״ יעדער נאַטשאַלניק נאָך זיין ערך נאָך. איין טאָג האָבען זיך די סאָלדאַטען געווענדעט צו דעם קאָמאַנדיר פֿון דער ראָטע, ה׳ קודרין, מיט דער פֿאָלגענדער בקשה: היות, מען בעדאַרף אונז אין גיכען אַוועקשיקען אין ווייטען מזרח אויף דעם מלחמה־פּלאַץ, איז די תורה פֿון אָבגעבען „טשעסט״ פֿאַר אונז ניט אַזוי שטאַרק וויכטיג. אַזוי ווי אונז, סאַפּיאָרען, שטעהט דאָרטען פֿאַר זעהר שווערע אַרבייט, בעטען מיר אייך, הע״ר קאַפּיטאַן, איהר זאָלט מודיע זיין דעם קאָמאַנדיר פֿון דער סאַפּיאָרען־בריגאַדע, גענעראַל פּרעסקאָט, ער זאָל אונז ערלויבען צו פֿערנעהמען זיך מיט ערנסטע זאַכען. א שטיינער: בעקאָנען זיך מיט דער קאַרטע פֿון ווייטען מזרח, אויסלערנען זיך מאַכען אויספֿאָרשונגען, אַראָבנעהמען פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון א וועלכער ניט איז געגענד, און אויך מיט פּראַקטישע סאַפּיאָרען־אַרבייט אין פֿעלד. ה׳ קודרין האָט אויסגעהערט די בקשה פֿון די סאָלדאַטען און האָט זיי געענטפֿערט, אַז אָן איהם איז עס ניט געווענדט, נאָר ער וועט עס איבערגעבען דער העכערער נאַטשאַלסטווא.

## די יודישע „שוואַרצע סאָטניעס״.

אין „פּאסליעדניע איזוועסטיע״, אויסלענדישען אָרגאַן פֿון „בונד״ לעזען מיר פֿאָלגענדעס: זונטאָג דעם 25 יוני האָט די אָרטיגע גרופּע פֿון „בונד״ אָרגאַניזירט אַנ׳אַלגעמיינעם פּאָליטישען סטרייק צוליעב די לאָדזער פּאַסירונגען און צום אָנדענקען פֿון די אומגעקומענע אין לאָדז חברים. דער סטרייק האָט זיך געענדיגט מיט א מאַניפֿעסטאַציע, אין וועלכער עס האָבען גענומען אַנטהייל אויך פֿיעל קריסטליכע אַרבייטער. זיי האָבען מאַניפֿעסטירט אַרום 30 מינוט. צווישען די מאַניפֿעסטאַנטען און דער פּאָליציי איז געקומען צו א געשלעג; עס איז פֿערוואונדעט געוואָרען איין אַרבייטער, עטליכע האָט מען אַרעסטירט. אויף דעם צווייטען טאָג, דעם 26־טען איז געהאַלטען געוואָרען ביים רב א אַסיפֿה איבער דעם, ווי אַזוי צו מאַכען א סוף מיט די „דעמאָקראַטען״. אויסער די פֿאָרשטעהער פֿון די קליינבירגער האָבען גענומען א טהעטיגען אַנטהייל ה. פֿרענקעל, ה. הוראָוויטץ, זוסמאַן, מ. בראון און נ. נוסקינד. זיי האָבען בעשלאָסען צו אָרגאַניזירען א „שוואַרצע סאָטניע״, צאָהלען די מיטגלידער פֿון דער לעצטער 2 ר. 50 ק. א טאָג מיט א שיינע פּאָרציע בראָנפֿען. געזאָגט — געטהון. אין דעם זעלבען טאָג אַרום 12 אוהר האָט זיך אָנגעהויבען אַנ׳אמת׳ע פּאָלאָוואַניע נאָך די „דעמאָקראַטען״. די חברה־לייט, אויסגעקליבען פֿון די אויסוואורפֿען פֿון דער אָרטיגער בעפֿעלקערונג, זיינען געגאַנגען פֿון פֿאַבריק צו פֿאַבריק, פֿון הויז צו הויז, און געשלאָגען אָהן רחמנות מיט מעסער און שטעקענס יעדען, וועמען זיי האָבען נור חושד געווען, אַז ער געהער צו די דעמאָקראַטען; זיי האָבען קיין חלוק נישט געמאַכט צווישען געשלעכט, עלטער און פֿערמעגען: זיי האָבען געשלאָגען מענער, פֿרויען, אַרבייטער, אינטעליגענטען און נאָכהער איבערגעגעבען דער פּאָליציי. מען האָט זיך געקענט אָבקויפֿען: דעם ערשטען טאָג האָבען זיי געפֿאָדערט 15 רוב. פֿון קאָפּ. (אויף׳ן צווייטען טאָג האָבען זיי אַראָבגעלאָזען דעם מקח). דאָס אויסקויפֿען האָט אָבער ניט בעפֿרייט פֿון אַרעסטירען: זיי האָבען דערלאַנגט דער פּאָליציי א לאַנגען צעטעל פֿון „פֿער־דעכטיגע״ און פֿון דינסטאָג אָן האָבען זיך אָנגעפֿאַנגען מאַסען־אַרעסטען פֿון יודען און קריסטען.

אַזוי ערנאָך פֿערניכטעט די יודישע בורזשואַזיע מיט דער ברכה פֿון צאַריזמוס דעם בונט״.

## א ווילדער רוסישער בעפֿעהל.

— אין „סין אָט״. איז אָבגעדרוקט די פֿאָלגענדע מודעה פֿון דעם האָמ־לער פּאָליציימייסטער: „אין די 4 טעג זינט איך בין אַהער געקומען האָט מען שוין 2 מאָל געוואָרפֿען אין מיר באָמבעס. די אויסוואורפֿען, וואָס האָבען געוואָרפֿען די באָמבעס, זענען יודען. איך בין מתרה, אַז יעדער יוד, וועלכער געהערט צו די פּסולת פֿון דער יודישער געזעלשאַפֿט און גיט זיך א נאָמען דעמאָקראַט, אויב מען וועט איהם בעגעגענען פֿאַר 50 טריט פֿון מיין קאַרעטע, בשעת איך פֿאָהר איבער׳ן שטאָדט, וועט דערשאָסען ווערען דורך די קאָזאַקען פֿון מיין קאָנוואָי (וואך).

אין די טעג האָט מען פֿון פֿיעל הייזער געשאָסען אין די מיליטער־פּאַטרולען פֿון פֿוסגעהער און רייטער. בשעת מען האָט געפֿרעגט וועגען דעם די בעלי־בתים פֿון די הייזער, האָבען זיי געענטפֿערט, אַז די וואוינונגען, פֿון וועלכע מען האָט געשאָסען, זענען פֿערדונגען און בכן זענען זיי ניט פֿער־אַנטוואָרטליך דערפֿאַר. אין אמת׳ן אָבער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די וואוינונגען שטעהען נאָר לייריג. איך בין מודיע, אַז פֿון איצט אָן וועט דאָס מיליטער שיסען אין די הייזער, פֿון וועלכע מען וועט בעליידיגען דאָס מיליטער, ניט קוקענדיג דערויף ווער עס וואוינט אין זיי, מחמת דעם זענען די בעלי־בתים מחויב שטאַרק השגחה צו געבען, אַז די בונטאָוושטשיקעס זאָלען ניט האָבען צו זיי קיין אַריינגאַנג.

די אָנפֿאַלען, וואָס מען האָט אויף מיר געמאַכט, וועלען מיר ניט אָבהאַלטען אָנצונעהמען ענערגישע מיטלען אונטערצודריקען די הפקרות. אין זאָג אָן די בעפֿעלקערונג פֿון האָמעל, אַז מען זאָל זיך האַלטען רוהיג און מען זאָל געדענקען, אַז אפֿילו אַנ׳אָנשעדליכער המון מענשען, אויב ער שטערט נאָר די פֿרייע בעוועגונג פֿון דעם פּובליקום, ווערט אויך לויט געזעץ בעשטראָפֿט.

אָט אַזאַ מעשה האָב איך געזעהען אויף דער רומיאַנצאָווער גאַס. דאָרטען האָב איך בעמערקט א גרופּע יודען, אַנשטענדיגע לייט, אי נאָך זייערע יאָהרען נאָך אי נאָך זייער לאַגע נאָך. געגען דעם וועלען אָנגענומען ווערען מיטלען.

דער דערוויילינער פּאָליציימייסטער חלעבניקאָוו״.

דאָס איז נאָך אַפֿילו אין רוסלאַנד ניט געווען.

## א בלוטיגע קאַרטע אין דער געשיכטע פֿון דעם רוסישען אַרבייטער.

די פּוטילאָווער פֿאַבריקען אין פּעטערסבורג זענען ווי בעקענט צוליעב סטרייקען פֿערמאַכט אויף אַנ׳אונבעגרענצטע צייט. די רוסישע צייטונגען דרוקען איצט אָב א בריעף פֿון אַנאַרבייטער אין פּוטילאָווער פֿאַבריק, י. לאָוושי־נאָווסקי, וועגען דעם עלענד און נויט, וואָס הערשען איצט צווישען די אַרביי־טער פֿון דער פֿאַבריק. אין דעם בריעף איז געזאָגט פֿאָלגענדעס:

ווי נור די זון געהט אויף זעהט מען הינטער דעם נאַרוואער טויער (די פֿאָרשטאָדט, וואו עס געפֿינט זיך דער זאַוואָד) גאַנצע מחנות פֿרויענצימער מיט קערבלעך אין די הענד. דאָס זענען די ווייבער פֿון די אַרבייטער וועלכע געהען איינקויפֿען אַלע פֿערדאָרבענע פּראָדוקטען, וואָס ווערען פֿערבראַקירט, ווי א שטיינער די ערגסטע שטיקלעך פֿלייש, פֿערדומפּענע פֿיש, ווערימדיגע שוועמלעך און דעם גלייכען. אַנדערע אָבער קאָנען צו אַזוינע „געשמאַקע״ שפּייזען אויך ניט צוקומען. זייערע מאַנען לאָזען זיך אַוועק איבער די גערט־נער, פּאַסען אָב בעת די וועכטער זענען פֿערנומען, און גנבינען אָב א קעפּיל קרויט, א פּאָר מעהרליך, אַ ריב און ברייגגען עס א היים, אָבער קיין מיטאָג קאָן מען נאָך דערפֿון ניט קאָכען, ווייל עס איז ניטאָ קיין האָלץ. האָלץ מוזען שוין די קינדער בעזאָרגען; זיי צוברעכען ערגעץ א פּאַרקאָן, א גאַניק, רייסען אַראָב א לאָדען, אָדער שלעפּען אַרויס א שטיקעל האָלץ פֿון א פֿוהר.

מען געהט דאָך אַרום לייריג, ווייל דער זאַוואָד איז פֿערמאַכט. קלויבט זיך צונויף א המון אַרבייטער אויף׳ן שאָסיי און דאָרטען הערט מען פֿער־שיעדענע געשפּרעכען. איינע זאָגען מען זאָל אויסראַבירען די קראָמען פֿון דער פֿאַבריק־געזעלשאַפֿט און אַנדערע זאָגען — מען זאָל סתם ראַבירען, וואָס נור מען קאָן, מען זאָל חאַפּען די רייכע לייט און זיי ניט אָבלאָזען ביז וואַנען זיי וועלען ניט העלפֿען די אַרבייטער.

אין אָוועגד לאָזען זיך די מאַנען אַוועק עפּיס צונעהמען אין א גאָרטען אָדער ביי א פּויער, וואָס האָט געבראַכט עפּיס צו פֿערקויפֿען און די ווייבער געהען אַוועק אין שטאָדט אַריין „פֿערדינען״ און דאָס טהוען זיי בהסכם פֿון זייערע מאַנען און עלטערן, אין דער פֿריה קומען זיי אַהיים אויסגעמאַטערטע, צובראָכענע און פֿיעל ברייגגען נאָך מיט די „גוטע״ קראַנקהייט. פֿון זיי נעהמט זיך אָן די גאַנצע הויזגעזונד.

פֿון הונגער, פֿון די פֿערדאָרבענע שפּייזען און פֿון די ווייבער, וואָס געהען אין שטאָדט „פֿערדינען״, האָבען אויסגעבראָכען צווישען די אַרבייטער גרויסע קראַנקהייטען.

## א פּרישע תליה.

אין אַפּציעלען „וואַרש. דניעווג.״ לעזען מיר א קורצע, עכט צאַרישע בעריכט: שבת, דעם 5־טען אויגוסט האָט מען אויסגעפֿיהרט דעם פּסק צו טויטען דורך הענגען אויף דוד יחיאל קרויזע, 23 יאָהר אַלט פֿון קאָנאַרא נאָוואָראַדאָמער פּאָוויאַט. ער איז בעשולדיגט געווען אין אַנ׳ אונגעלונגע־נעם אַטענטאַט. קיין אַנדערע פּרטים ווייסט מען נאָך דערוויל ניט.

## בריעף־קאַסטען.

**מ. פּ. קראַקוי.** איהר האָט רעכט: אין 4 נומער „יודישער סאָצ. דעמאָקראַט״ זענען דאָ צוויי אַרטיקלען. דער ערשטער איז איבערגעדרוקט, דער צווייטער איז גע׳גנב׳עט פֿון 7 נומער „צוקונפֿט״

**ב. וואַלד פּשעמישל.** „דער באַרימדיגער גאָט״ וועט ניט געדרוקט ווערען.